יוסי גמזו

# לענדער פון דאָרשט

גערזאַמלטע לידער

איבערזעצונג און עסיי

פּראָפ. לאָרענס (לייב) גרעצקי




פאַרלאַג „ישראל-בוך"

תל-אביב, תשל"ח — 1978

**I. GAMZU ★ LENDER FUN DORSZT**

Poems

Essey and translation
**Prof. Lawrence A. Gretsky**

Publishing House Israel-Book, Tel-Aviv, P.O.B. 1777.

**יוסי גמזו ✶ לענדער פון דאָרשט**

לידער

עסיי און איבערזעצונג
**פּראָפ. לאָרענס (לייב) גרעצקי**

צייכענונגען — דער מחבר

פאַרלאַג „ישׂראל-בוך" תל-אביב, איתמר בן-אבי 4





Printed in Israel 1978 נדפס בישראל

דפוס „להב" בע"מ, תל-אביב, רח' המסגר 60, טל. 36564

אונדזער דאַנק דער ייִדישער קהילה פון מעק־אַלען, טעקסאַס (פאַ״ש), פאַר דער ברייטהאַרציקייט און מיט־הילף, וואָס האָט דערמעגלעכט אַרויסצוגעבן אָט דעם באַנד — די איבערזעצונג פון יוסי גמזוס לידער.

י. ג. ל. ג.

פאַר באָבע־זיידן,
וואָס זייער לעבן איז געווען פּראָזע
אָבער זייער זכּרון — פּאָעזיע



פּראָפ. לאָרענס (לייב) גרעצקי

# אַ סאַבּרע אויף מאַמע־לשון

עס פרעגט זיך אפשר אויפן מיין און צוועק פון דער דאָזיקער לידערזאַמלונג, די פּאָעטישע שאַפונג פון אַ באַוווּסטן און באַוווּנדערטן, און דערצו נאָך אַ יונגן סאַבּרע־דיכטער, זאָל דערשײַנען איצט — עטלעכע און דרײַסיק יאָר נאָך דער פיזישער און קולטורעלער פאַרטיליקונג פונעם יידישן לעבן אין אייראָפּע, און שוין באַלד דרײַ יאָר־צענדליק זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל, מיט עברית, ווי איר מלוכה־שפּראַך — — איז ווי, דווקא איצט אין אַן איבער־זעצונג אויף מאַמע־לשון?

פאַר געוויסע ישראלים זעט דאָס אַוודאי אויס ווי אומנייטיק; אַן אומנייטיקע איבונג אין אַ „גלות־שפּראַך", וואָס איז שוין צום מערסטן טייל באַדעקט מיט אַש און פאַרעך פון פאַרברענטע שטעטלעך. שטאָלץ מיט זײַן בירגערשאַפט אין אַ נײַ־דינאַמיש לאַנד — אַן אמתדיקע יידישע מלוכה — טײַטלט אַזעלכער אויף מדינת ישראל, ווי די הײַנטיקע פאַרקערפּערונג פון קדמונישן ישראל, און אויף איר קולטור און ליטעראַטור אין שייכות מיט תּנכישע מקורות. אים, זייער לעבעדיקע יורשים, געהערט סײַ די איצטיקייט און סײַ דער עתיד. אָבער דערבײַ פאַרגעסן זיי אין זייערע זיידע־באָדע, אין די אַלע יוצאי־אייראָפּע, וואָס האָבן געעפנט דעם וועג צו אָט דעם לאַנד און צו איר באַנײַטער קולטור, בתּוכם — ש. י. עגנון, מיטן דערגרייכן צום נאָבעל־פּרײַז...

גאַנץ אַנדערש, פאַרשטייט זיך, רעאַגירט דער ליבהאָבער פון מאַמע־לשון. ער זעט דעם אויפטו פון איבערזעצן, ווי אַ באַשטעטיקונג פון יידיש־שפּראַכיקער און קולטורעלער המשכדיקייט, ניט געקוקט אויף דער טראַגעדיע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און אויך ניט אויף די אַסימילאַציע־סכּנות וועלכע שטייען פאַרן יידן אין די גלות־לענדער. זײַן בליק ווענדט זיך נאָך, מסתּמא, צוריק קיין אייראָפּע — צום אַמאָל פאַרחלומט, צו די בלי־יאָרן פון סוף פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, מיט שטאָלץ אויף יענער צײַט, ווען פּרץ, שלום־עליכם און שלום אַש, האָבן באַגלײַך אויפגעהויבן דעם „זשאַרגאָן" צו אַ שפּראַך, צו אַ קונסטמיטל פון אומאָפּפרעגלעכן ראַנג. זײַן בענקשאַפט נאָך אָט די אַמאָליקע צײַטן ווערט שוין געלינדערט מיט דעם וואָס מען לערנט הײַנט צו טאָג יידישע שפּראַך און ליטעראַטור אין אַ דרײַ טוצן אוניווערסיטעטן איבער דער גאַנצער

וועלט, אויך אין אַזעלכע ווײַטענישן ווי יאַפּאַן און אָסטין, טעקסאַס, פש״א. אָבער אויך ער, דער חובב ייִדיש, ווי דער יונגער ישׂראלי, פּאַרזעט די לעבעדיקע פּאַקטן: צוריקציִען זיך צום ראָמאַנטיזירטן אַ מאָל, מיט זײַן ביסל נחת, לוינט זיך אַ קימאַ־לן מער פון אָפּלייקענען דעם אייגענעם, דעם ייִדנס און ישׂראליס היסטאָרישן עזבון.

יעדן פון די אויבן דערמאָנטע און פון זייערע היפּאָטעטישע מיינונגען פעלט אַזוי אַרום די געהעריקע און נייטיקע אידייִשע באַוואָרעניש — אַט וואָס שמואל ניגער רופט אָן ווי די צווייִשפּראַכיקייט פון אונדזער ליטעראַטור * און דב סדן באַצייכנט עס ווי די „פּאַראייניקונג און די גאַנצקייט פון קולטורעלער קראַפט וואָס וואַקסט און הייבט זיך אויף צוזאַמען אין די צווי ליטעראַטורן״ ** — כּדי צו קאָנען פירלייגן אַן אויסגערעכנטן ענטפער. פון איין זײַט שליסט ייִדיש א י ן די „געוועזענע״ שפּראַך, ווי אַן אַלגעמיין־פאָרמאַטיווע און דעטערמינאַטיווע סטאַדיע אינעם ייִדישן באַוווסטזײַן; מוז עס בלײַבן אַ וועגשטיין צום ייִדישן איצט. אָבער צוריק גערעדט, טאָר ניט ווערן דער העברעיִשער הײַנט פּאַראַבסאָלו־טירט און סטאַטיש. וואָרן עס איז ניטאָ קיין רייד וועגן האַלטן מיט איין צאָל צי דעם אַנדערן, נאָר גיכער וועגן נעמען, סינטעזירן און פאָרמולירן אויף דאָס נײַ דורך מאַמע־לשון אַן אמת ייִדיש־פּאָעטישן תּוכן.

קיין קאָנפליקט איז אויך ניטאָ: העברעיִש, אַמאָל נאָר נביאים, „אײדל און געהויבן דער אויסגעווייניק פונעם מאַנטל״ — און ייִדיש, „וואַרעם און באַקוועם — דער אונטערשלאַק פונעם מאַנטל״ *** — נעמען זיך פון אַ בשותּפותדיקן קוואַל, די איבערלעבונגען פון דעם ייִדישן פאָלק. דאָס ברענגט אַן איינציקע ייִדישע עטיק צו אַ צווייִשפּראַכיקן אויסדרוק.

לויט אַט דעם באַנעם האָבן די איבערזעצונגען ניט נאָר זייער אייגענעם זכות־הקיום, נאָר זיי באַלײַכטן אויך דעם דיכטער י ו ס י ג מ ז ו אויף טאַקע אַן אַנדער אופן: עס שרײַבט דאָ פּאַר איינס דער סאַברע, און דאָך מער פּאַר אַלץ, דער ייִד.

*

---

* שמואל ניגער, ניו־יאָרק, 1941.

** פון דב סדנס אַרײַנפיר צו איציק מאַנגערס „שירים ובלדות״, איבערזעצט פון ב. טנא, הוצאת „על המשמר״, 1969 ז׳ ט.

*** ציטירט לויט ס. לעווין: Childhood in Exile, 1929

דער סינטעז צווישן סאַברע און יִיד כאַראַקטעריזירט אין תּוך די גרונט־טעמאַטיק פון די דאָזיקע לידער. סימפּטאָמאַטיש פאַר דעם זענען דעם דיכטערס ירושלים־לידער. אין „מיר זענען דאָ״, אַ ליד לכּבוד דער באַפרײַונג און ווידער־פאַראייניקונג פון דער אַלט־שטאָט ירושלים, איז ניט פאַראַן קיין בלינדער מיליטער־שטאָלץ, נאָר ס׳איז דאָרט אַרײַנגעשוויגן דער היפּוך, דעם ייִדנס חוב און חיוב צו חשבון הנפש: „ניט די דעראָבערער פון כּנען מיט שטורעם זענען מיר, / נאָר די באַצווינגער פון אייגענעם יצר״. דאָס מיינט ניט, אַז דער דיכטער ווערט וואַקלדיק בנוגע ציוניזם און בויטוועגדיקייט פון אַ ישׂראל־מלוכה. זײַן שטעלונג ווי אַ ייִד בנוגע דער ניט־ייִדישער וועלט איז געשטאָלט; ער בעט ניט בײַ גויים קיין רחמנות. זייערע פלאַטשיקייטן וואַרפט ער אָפּ מיט ביטול:

מיר זענען דאָ — ניט צו קלימפּערן מיט טרויער־טאַצן
אין אַלע הקדש־הויפן פון דער וועלט,
בעטלענדיק די קאַרגע גאָב פון זייערס אַ לעפל געקעכטס,
מיט רחמנות פון בלוטיקן רויט־רויט...

אַנדערש ווו, אין „בײַם טויער פון רחמים״, שפּיגלט זיך אָפּ דער זעלבער מין סאַרקאַזם:

דאָס רחמים, וואָס צלמים טראָגן כּלומרשט
מיטן נאָמען פון פּײַן, פון געשענד און געלעסטער.
די אינקוויזיציעס, די מערדערישע צײַנרעדער.
דער פאַרלענד־גרוב
מיט צינדער
און מיט פאַרברענטן.

מושווה ווערן מיט דער קריסטלעכער וועלט, הייסט ווײַטער אײַנקלאָגן זי אין מסרן אַלגעמיינע מענטשלעכע ווערטן, חוץ דעם קאָרומפּירן אירע אייגענע רחמנות־כּללים: „...מעסעס פון חסד, די עלילות־דם... / דער תּפילה־געשעפטש / צווישן פּראַכטיקע, פּײַנע פאַגראָמען״.

קאָנסטאַנטירנדיק אַזוי זײַן גײַסטיקע און פּראַקטישע עקשנות, ווײַזט גמזו צוגלײַך אויף דעם טיפבראָנעם, סײַ פון זײַן פּאָעטישן סײַ פון זײַן ייִדיש־עקסיס־טענציעלן קרעדאָ: ס׳איז די טראַדיציע פון דער אַלטער היים. נאָר ניט ווי בײַ אַנדערע הײַנטיקע ישׂראלדיקע שרײַבערס, וואָס זייער „סאַברעקייט״ באַקומט זיך

דער עיקרשט פון פסלען דאָס שטעטל, רעקאָנסטרויִרט דער דיכטער וויסיק די ליטעראַרישע און קולטורעלע בריקן צווישן דעם אַמאָל און דעם איצט — דאָ דערשפּירט מען די ווירקונג פון איציק מאַנגער, וואָס ווערט באַזונגען אין גמזוס שאַפונג „מאַנגעריאַדע”. דאָס אַלץ זינגט ער צוליב דעם עתיד:

— ...און וואָס טו איך דאָ? און דו... וואָס טוסטו?
צי בין איך אַ פּראַטעזעדיקער „כּנעני” פון די אָן־אַ־וואָרצל?
טאָ פאַר וואָס זשע אונדזער שירה פון שפּאַניע
און ניט פון עשתּורת
אין מיר קוועלט ווי פון אַן אַרטעזישן ברונעם, ביי מיין אַראָפּשפּאַן
אויף גאַס פון בית־אל, אויף גאַס מבוא־חיי־עולם;

אַלע פּראַנקיסטן, אַלע שבתאַיִסטן אין איינעם,
אַלע פידלען פון שטעטל וואָס וויינען — — —
— — — — — — —
פון דעם בין איך!
דאָס אַלץ איז מיינס!
ס'איז דער זון אין מיין זרע פאַרדרעמלט...

(„און וואָס טו איך דאָ”)

פיל־זאָגעוודיק איז עס, וואָס אַ סאַברע־דיכטער, אין מיטן פון די שפּעט־זיבעציקער יאָרן שטעלט זיך דערמיט אַנטקעגן דער סתּירה צווישן דעם גלות־ייִד און דעם חלוץ פון דער אַלט־נייַער היים. גמזו איז אַ מוסטער פון אַ נייַער טענדענץ צווישן דער נאָכמלחמהדיקער, פון 1967 צי 1973, ישׂראלדיקער אינטע־ליגענץ, וואָס האַלט, אַז די ווערדע פון מדינת־ישׂראל דאַרף זיך פאַר אַלעם געפינען אינעם ייִדישן תּוכן פון אָט דער מדינה, און ניט אין דער מדינה אַליין — און זיכער ניט אין קיין אַפּגעשניטן לעוואַנטיניש לאַנד אויפן שטח פון מיטעלן מיזרח... מיט איין וואָרט: ביי גמזון גייט עס אין געפינען אַ הומאַניסטישן סינטעז צווישן זיין אַ ישׂראלי און זיין אַ ייִד.

ווי אַ מענטש פון אַזאַ אָנשויונג, וויל דער דיכטער אויסמיידן אַ כּנעניש ישׂראל, און ער מאָלט זיך פאָעטיש אויס אַ ניט־ספּאַרטאַנישע היים, ווי אַ ייִנגסטער רינג אין דער לאַנגער קייט פון דער ייִדישער געשיכטע. לויט דעם איז ביי גמזון ניטאָ קיין קאָנפליקט צווישן די רומפולע געשטאַלטן פון אונדזער עבר

און די יונגע פּאַראַשוטיסטן פון דער יוני־מלחמה, „די וואָס זענען פאַרויסגע־שפּרונגען אויפן ,אַמוניציע־בערגל' און הר ציון" (ד"ג). עס קאָן וויינען חוץ דעם אַ זעלנער פּאַרן כּותל („וויין, קינד, דו מעגסט...").

אָבער גמזו איז ניט קיין אידעאָלאָג. זײַן וויזיע, פון אויבן אויף גאָר נאַציאָ־נאַל, איז אינעווייניק דאָך טיפהאַרציק, שטאָלץ, ייִדיש — וואַקסט זי אַרויס פון דעם דיכטערס עכטן, ביאָגראַפיש־אינטימען זכּרון. אָט ווי מען כאַפּט דעם טעם פון דער אַלטער היים אין די „משפּחה־לידער", וואָס ווערן אַרײַנגענומען אינעם ציקל „בלוט איז ניט וואַסער", טרעט אויף דער זיידע ירחמיאל, פון די ראשונים פון תּל־אביב, דאָס אַמאָליקע קינד פון פּינסק. דאָס איז ער, וואָס ער איז קיין מאָל ניט געווען „אויסגעפּוצט שטײַף / אויף צו רופן „סבא" / און ניט „זיידע" („קדיש פאַרן זיידן"), און וועמען דאָס ישׂראלישע אייניקל אַליין געדענקט תּמיד אין אַשכּנזיש" (ד"ג). עס באַווײַזט זיך ענלעך די באָבע מוסיה, וואָס ווערט מעטאַפאָריש געגליכן צו „רוסישע ברייטקייט / שנייִיִקע פערענעס מיט מאַנאָ־גראַמען באַהאַפטן / טונדרעס פון צערטלעכקייט. / אַ קליינע ווײַסע סיביר („בלוט איז ניט וואַסער").

אָט אַזוי — דערצו נאָך אין דער רירנדיקער עלעגיע אויף אַ צו פרי פאַר־שטאָרבענער מוטער („אויגוסט אין מילאַן, מיט צוויי יאָר צוריק") און אין די טאַטישע צאַרט־פילנדיקע לידער פאַר זײַן טעכטערל („מײַן טאָכטער טרינקט די נאַכט", „איך הער מײַן טאָכטער אָטעמען") מישן זיך און טיילן זיך די פאַר־שיידענע אַספּעקטן פון גמזוס וועלטן, ביז זיי ווערן ייִדיש און פּאָעטיש איב־טעגראַל: ייִדישער שטאָלץ און די וואַרעמקייט פון משפּחה־בילדער, צוזאַמענ־שטעלנדיק אַ קאָנטראַסט מיט דעם דיכטערס נאָענטער וועלט, דער שטאַרקער לאַנדשאַפט פון זײַנע „לענדער פון דאָרשט".

אוניווערסיטעט טעקסאַס, פש"א. 1978.



און אויב ניט דאָס, טאָ וואָס?

## קאָנקוויסטאַדאָרן

ניט מיט די גרויסע קאָנקוויסטאַדאָרן.
ניט אויף זייערע פערד, וואָס מיט נאָזלעכער — פלייטן אין ווינט —
זייער געבלאָז, און זייערע ציימלער
מיט לויטערע יאַסמין־נאַכט־וואַכן בלענדיק
אויסגעפוצטע
אין האַלבנאַכט, אויף דער סיערע,
צווישן שפּיץ־הייבלער שוים.

ניט מיט זייערע פּיקעס צעפינקלט קעגן לונאַ־לונאַ
אין אַ פרילינג־נאַכט, שיכּור מיט בלוט און מיט שטערן,
ווי אין 15טן יאָרהונדערט,
אין וועגד צו גראַנאַדאַ,
צווישן האַרב־שאַרפן זיס פון ציטרין־דופט
און די ווייַנשטאָקס פאַרוויקלט
ווי אַראַבעסקן.

נאָר דאָ,
אין אָט דעם פרילינג —
אַרייַנגעדרינגען אין דייַן גראַנאַדאַ מיט סערענאַדעס,
ווי אין טראָיאַ, ווי אין יריחו,
אָן פערד, אָן טראָמייטן.
ווידער פון ס'נייַ אויפצוזינגען: לבנה — ברויט — מאַמע —
מיט ווייניקער חכמה זשאָנגלעריש.
אַ סך ווייניקער איר, אַ סך מער
מיר.

## אָבער, ליב צו האָבן

אָבער, ליב צו האָבן, אומהיילעוודיק ליבהאָבן,
צו פילן ווי אין דיר שפרייט זיך אויס
אַ צעאַקערטער ווייטיק —
אָבער גאָר אַנדערש. בעסער. גוט.
עס צעבלאָזן מיט פרייליכן דודלזאַק
פון לונגען פאַרליבטע
אין ווינט.
ווי אַ טעגלעכער יום־טוב,
ווי דער לאָשיקדיק שיינער און ווילדער פרימאָרגן, בלוי
אילוזאָריש, מיט אַ
זכות אויף עפּעס אַ נײַס, ניט־געירשנט, תּמיד פּלוצלינג,
פון גאָלדיק־מעלאָדיש־וואַרעמען שויס, וואָס זײַן נאָמען ז ו ן.
דעם ליכטס האָניק,
דעם ימס תּענוגים.
די וווּנדערלעכע קאַסטאַניעטן פון בלוטקעמערלער, וואָס גלעקלען
גליקלעך: איך בין־בין־בין.
און אַוודאי די שטענגלשע נאַקנס פון מיידלעך אויף גאַס,
וואָס בעטן, צו ווערן געביסן,
אָבער, צו ליבן.

און מער ווי געליבט זײַן. מער ווי דערזען די פּרוּבטן.
דאָס צו טראָגן, מיט קוראַזש און אומפּאָרזיכטיק, ווי מען טראָגט אַן עמבריאָן.
ווי מען טראָגט אַ בייזוווּקס,
אומהיילבאַר, אָן טרייסט, פאַרעקשנט נאַיִוו,
ניט וואַרטנדיק. ניט פרעגנדיק.
אין אומקער, אויסגעשעפּט און פאַרשראַמט און גרינגלײַביק,
פון אַלע האַפנס אַנטווישונג;

און פון ס'נײַ
אָנשפּיליען אַלע גרויסע און קינדישע כריזאַנטעמעס פון זוניקן האָפן, אויף לאַץ
פון האַרץ, וואָס האָט ליב זיך פאַרטרענקען, ווי אין לײַטערדיק וואַרעם געווייִן,
דערצו דאָרשטן און הונגערן,

אָבער, ליב צו האָבן.

## נאָקטורן

אַ שטערן פֿאַרכאַפּט
אין געצווייַג פֿון אײלבערבוים
אין ירושלים. אין מאַמילאַ־פּאַרק. ס׳איז קאַלט.
טוי־פֿינגער שפּילן אַ פּאַסיאָנאַטע פֿאַר פֿיר הענט.
פֿאַר איין באַנק,
אַ שינעל
און אַ צעפּל. סוף מייַ.

דאָס צעפּלייטיקט מיך
ביז איבער סילואַן *
ס׳איז דער יאַסמין פֿון באַגערן,
שאַקאַלן אין בענקשאַפֿט.

אַחוץ דעם
איז אַלץ ווי געוויינטלעך.

* אַן אַראַביש דאָרף, אַמאָל אָנגערופֿן: „כפר השילוח״.

# חן־גריבעלער

„צי ווען זי שמייכלט
האָט זי חן־גריבעלער?"

דילען טאָמאַס, „מילק־ווּוּד"

יאָ, דילען יאָ,
מיט חן־גריבעלער איר שמייכל.
ווײַל אויב ניט, טאָ פון וואַנען
פאַריאָגט זי אין טונקעלן וועלדל פון אירע לאָקן
די שטיפערשע העזלער?

אין די שיפל־ציטערן פון אירע טראַכטונגען
קלײַבט ניט צונויף דײַן קעפטען קעט
דעם ים־גראָז פון זכרונות
אין ים פון דאַמאַרן, אַלקאָהאָל און פיראַטן.
נאָר אין די בוכטעס פון אירע לענדן
שווין קלינגען די אַנקערס
פון אירע לוסטן גרייטע צום אָפּשיף.

אויף דעם חלאַריגיב־היגל,
אויפן וועג קיין לוגהאַרני,
אַ פרילינג פון שטערן. און טוי־פלייץ. און גראָזן.
אָבער
אויף בריסט־בערגלער אירע —
דער צעהונגערטער זומער פון מײַנע פינגער.

# קליינע לידער פאַר אַ גרויס מיידל

.1

זײַן אַכזריש צו דיר,

מאַכן דיך לאַכן.

צעעפענען

— ווי אַ שטאָט אַן אויפגעפּראַלטע —

פּאַר הילולות פון ליכט.

דיך פאַריאָגן ביז גאָרן טרויער,

ביז ברעגן פון קאַלטן געוויין, ביזן תּוך

פון דײַן נאַכט אין שרעק פאַרן געבריל

פון מײַן טאָג דעם ווילדן,

אויפגעוואַכטן.

דיך צעשמעלצן מיט מײַנע ליפּן

אויף גליקזיפצן קליינע

און דיך ברענגען באַגלייבט פון צווייפל און מורא.

דו, מײַן טרויעריקע יריחו.

דו, טראָיאַ דערשראָקן פאַר שטורקאַצן אין חשבות — —

איך בין דאָך דײַן פריידן־גיהנום.

און סדום.

און עמורה.

.2

דער בלויער וואַנזין פון בליץ.
דער רעגן. די קאָלדרע. די ציטריקע שויבן.
די גוואַלט־רגעס אָט די ברוכיקע. נאָר
דו
און איך
אין געדונער.

די שײַן פון ליכט אַנטפלעקט דײַן נאַקעט
ווי אַ פּראָזשעקטאָר
די נאַכט פון זומער־דיונעס.
ביזן סוף — דו הערסט? —
ביז דײַן סוף
וועט איר ברענען בײַ מיר, איר ביידע
הײַנטיקע נאַכט.

.3

אומדערבאַרמיק. ברויזנדיק.

אין דייַן ברוינעם נאַקן

אייַנגעקוושט.

די אַלטע פּלעקן פון טרויער אין מיר פאַרוואַשסטו

מיט בעמיקאַלן די שאַרפע

פון לוסט.

און פאַרלוירן, גיפּטיק באַרירט,

אָן אַ האָפענונג

און אומהיילעוודיק:

דאָס בלוט, ווי בערן צעווייטיקט פון עלנט, פון בענקעניש —

ברומט אויס

ווי אַ פּאַרטיטורע,

פון אויסנווייניק.

.4

צו זוכה זײַן.
דערוואַכן צום געטומל
ווי צו דײַן קאָפּ אויף מײַן קישן, אין דער פֿרי.
תּמיד זײַן ווי דער מענטשלעכער לאָשיק
וואָס קערט זיך אום דאָרשטיק
צו דער וועלט — די קאַריטע.

זײַן פּאַרזונט אין דער זון. דערווידער
צו אַלע פּסוקים קהלת. זאַלץ. שוים,
אַזוי ווי גאָט,
וואָס וואָלט ער ניט געווען —
וואָלט מען אים אויסגעקלערט,
כּדי ניט צו שטאַרבן פֿון עצבֿות.

# אַלע קוואַדראַטן דאָ הי

אַלע קוואַדראַטן דאָ הי זיך לאָזן פאַררונדן
און אין געשעפּטש
און געצערטל
ווערט די שטילקייט צעאַקערט.
צאַרט און שטאַמלענדיק, דאָ
געוויינט זיך די פינצטערניש
— ווי בײַם לערנען אַ פרעמדע שפּראַך —
אונדז צו ציילן
בײַזאַמען.

דאָ עמעץ אַ בלאָנדזשלינג,
קערט זיך אום און האַלט דיך צו
צערטלעך,
בײַם אָפּשיף
צום שפּעטלאַנד:
וויפל גאַסן־הינט
בײַ דײַן ברוסטיקן כוואַל־ברום
ווידער אין מיר זיך פאַרהיימיקן
אָוונט נאָך אָוונט.

## די תּבֿואה אין דיר

די תּבֿואה אין דיר
ברוינט. שוין זומער.
אַ צײַטיק זשומען פֿון בינען אין האַלבטאָג פֿון גוף.
דאָס בלוט אַ יאַגדע־סיראָפּ. דעם וואַדי קוריין * פּלאָנטערן
די „שולמית־האָר״ * * ערווהדיק, אַ ווײַן
פֿון משוגענע רויזן, נאַרקאָטישע. ס׳איז אַ ריטואַל
אַ קדמונישער. איר לוסטפּײַג,
איר פּײַנשווייַג.

* אַ וואַדי אין אייבער־גליל.
** אַ קלעטערגעוויקס אויפֿן נאָמען שולמית פֿון שיר־השירים.

# האָב ליב די פּרוי

האָב ליב די פּרוי, זון מײַן זון, װײַל דײַנע איז זי, דײַנע:
איר שטענגלדיקער נאַקן,
אירע בריסט, אומשולדיק װי אַ זינד.
די דערשראָקענע הינדן אין געדיכטעניש פון אירע װיִעס.
די שאָרכנדיקע קלײדער אין פאַל אויף דײַנע שטולן.
האָב ליב די פּרוי.

װי פון פידלען דער אויסבײג פון איר טאַליע.
שפּיל דאָרט די קאַדענצעס פון דײַן בלוט: צאַרט און פעסט,
אײדער דו געפינסט זי ביטערער פון טויט,
צי גאָר דער טויט װעט נאָך מערער דיך געפינען,
טאָ בעסער געפין זי.

האָב ליב די פּרוי, צערטלעכע װערטער זאָג איר,
מענער, אויב טאַקע מענער, פאַרגינען זיך נאָך
אַזאַ לוקסוס.
איר פּחד קיל אָפּ װי מען קילט אָפּ אַ זופּ:
לעפל נאָך לעפל, מיט פור־געהויך, מיט געדולד.
נאָך אַלעמען, איז זי דאָך פול מיט זאַבאַבאָנעס,
װי פאַרגלײבט, למשל,
אין דײַן קראַפט.

ניט באַמי זיך זי צו פאַרשטײן, װעסט סײַ װי ניט דערגײן.
האָב זי נאָר גאָר פּשוט ליב, װי דײַן לעבן. די שטאָט, דער ים.
זײ אַלע פאַרשטײסטו דען יאָ?
איך צװײפל.

# קאָמוניקאַציע

די
וואָס דאַרפֿן ניט קיין קאַרדיאָגראַף
כּדי צו דערמאָנען
אַז זיי האָבן אַ האַרץ.
די וואָס באַנוגנט, טאַקע צופרידן
מיט אַלץ וואָס עס טוען זיי
אָן רחמים,
אָונט נאָך אָוונט
די פּאַראומערטע יאַטקעס פון בלוטנדער שקיעה
אָדער די פּוסט די געפּרעסטע צו באַקן
פון קינד, אין דרעמלען
ווי אַ מיניאַטור פון זייער בענקשאַפט.

וואָס זענען באַנוגנט
מיט די הויך־אויפגעזאָטענע כוואַליעס
פון דער ליבסטערס בריסטן
בעת זי אָטעמט.
אָדער מיט בלויע נאָקטורן
פון שטערן —

אָט די, זאָג איך דיר,
וועלן פאַרשטיין.

# און אויב ניט דאָס, טאָ וואָס?

און אויב ניט דאָס, טאָ וואָס?

אויב ניט דאָס ווייניקע און טײַערע, הײַנט געווייון,
טאָ וואָס, צום טײַוול, וועט זײַן אויף אונדזער קאָנטע
אין מלכות שמים און אין אַנדערע
שאַנסן?

פיר און צוואַנציק.
די שעה פון מילכמאַן, קינד. און צו ווייגען, צו ווייגען.
וויינען ניט פון גליק און ניט פון טרויער,
נאָר פון שפע.
ווײַל איצט: טוי. זיפצן פון ים. און צווישן אונדז
די גאַנצע מעטאַפיזיק פון דער וועלט ניט אַזוי טײַער
ווי איין ווונק, גרין און פרײַנדלעך,
פון שטערן.
פריש, שוואַרץ ברויט.
איין קליין פרויעלע, ליביק און וואַרעם.

און אויב ניט דאָס, טאָ וואָס?

## וואָס ווייסן מענטשן וועגן מענטשן ?

וואָס ווייסן מענטשן וועגן מענטשן ?
קאַמער בײַ קאַמער, אונטן און אויבן, אַ צווייטער
אַ דריטער
אין פּימסנהאָלץ פּײַכטן, אָן שטערן
אין עלנט, באַווײַזן
אַז צוויי ווי צוויי ניט קיין מאָל געוועזן, אַז תּמיד
אַליין. דער מענטש איז אויך ניט גאַנץ מיט זיך
אַליין, און על אחת כמה
מיט וועמען אַנדערש. זאַכן צעביסענע
אין זײַן באַהעלטעניש. זײַן פאַרפרעסטער
געוויין, קאַלט
אין קישן
אַרײַן.

## אָפּט מאָל אין דער נאַכט, מיט אַ געשריי

אָפּט מאָל אין דער נאַכט, מיט אַ געשריי
ווי אַ קינד.
ער מעקעט דאָס אויס, געשאָכטן
פֿון פֿאַרהווילענע יאַטקעס:
אַ קליינער מאָרד
אינער־איינציק
מיט קיך־מעסערס אַנגסטן.
די קאַטאַקאָמבן פֿון שווידער
אין זיך,
אין זיך.

אין מורא —
איז מען תּמיד אַ זון
און, ווי עס איז, רעליגיעז:
גאָט.
מאַמע.

קיין אַנדערע ניטאָ —

# מאַנגעריאַדע

אין מיטן פון די חורבן־יאָרן, פול מיט צרות און ווייטיק, איז איציק מאַנגער — אַ הונגעריקער, אַ קראַנקער, צעבראָכן אין גוף און נשמה — געקומען קיין ענגלאַנד. ערגעץ ווו אין לאָנדאָן, אין אַ ביכערקראָם, האָט ער זיך על־פּי צופאַל באַקענט מיט דער פאַרמעגלעכער מיס מאַר־גאַרעט וואַטערהאַוס. דאָס צופאַל־באַגעגעניש צווישן דעם ייִדישן דיכטער, וואָס האָט פאַרלוירן זײַן קהל פאַרערער אינעם אַש־און־פּאָרעך פון די פאַרברענטע שטעטלעך, און אַן אײדלהאַרציקע ענגלענדערין איז געווען דער ערשטער אַקאָרד פון אַן אויסנעמיקער, טרויעריקער און ראָמאַנ־טישער ליבשאַפט, אַ ליבשאַפט וואָס וואָלט אַליין געקאָנט ווערן די טעמע צו אַ נײַע מאַנגער־באַלאַדע.

איר, אָט דער האַרציקער און אײדלמוטיקער, כאָטש אומ־באַקאַנטע ענגלישע דאַמע, וואָס האָט געהאָלפן און דערמוטיקט מאַנגערן, און צום אָנדענק פון דעם פּרינץ פון דער ייִדישער פּאָעזיע, דעם אומפאַרגעסלעכן מחבר פון דער „גאָלדפאַדעניאַדע" און דער „זבאַרזשעריאַדע" — די דאָזיקע „מאַנגעריאַדע" געהייליקט.

מאַרגאַרעט :

איצטער לאָנדאָן, סוויס־קאָטעדזש. אַ רעגן
שאַמפּונירט די בולוואַרן אין נעפּל.
בײַ מיר אין ביכערקראָם הערשט אַ שטילע אײַנגעהערטקייט. אַן אײַנגעהערטקייט
אַזאַ געשפּאַנטע, געדיכט ווי די זשומבינענס האָניק. פּאָליצעס
מיט ווײַלד און בערנס — שאָרכן האַרבסט־באַלאַדעס. איך דערנענטער זיך
און דערזע דיך ווידער, ווי פון אַמאָל — אַ צעבראָכענעם, אַן אָפּגעשוואַכטן.
איצטער לאָנדאָן. סוויס־קאָטעדזש. אַ רעגן
שאַמפּונירט די בולוואַרן אין נעפּל.

איציק:

— איצטער דאָס געררוך פון פּרדסים. די סאַנאַטאָריע
פון גדרה. זיי ווייסן אַז דאָס איז דער סוף,
אָבער מע זאָגט מיר ניט. ניין, איבערטרייַב דאָס ניט, ס׳איז ניט קיין פּורגאַטאָריע,
ניט קיין דאַנטע, בלויז אַ מידער שנייַדער־געזעלן. (פּאַק ניט
אַרייַן קיין לידער אינעם טשעמאָדאַן פון מעלאַנכאָליע. די בעסטע פון
דייַנע צוהערערס זענען אַוועק מיטן רויך פון קרעמאַטאָריעס, איז ניטאָ
פאַר־וועמען. לאָז דאָס!).
איצטער דאָס געררוך פון פּרדסים. די סאַנאַטאָריע
פון גדרה. זיי ווייסן אַז דאָס איז דער סוף.

מאַרגאַרעט:

הערסט מיך? כ׳רעד צו דיר
פון איבער דער פינצטערניש,
פון איבער ווערטער, צייַט, פון איבער ווילדן האַרבסט,
פון איבער מייַנס און דייַנס.
און איך זאָג: מענטש, איך זאָג
מענטש זאָג איך, קלוגער, טרויעריקער מענטש,
הערסט מיך? כ׳רעד צו דיר
פון איבער דער פינצטערניש.

איציק:

— כ׳הער שוין, בלייבער מלאך, ווי פון דעמאָלט, ציטערנדיק פאַר פראָסט,
הער איך, אומעטיקע ליידי פון די לידער,
פון די באַלאַדעס — אָבער ניט די שוואַרצע ווי די פון אָט דעם גוי פון סטראַטפאָרד
נאָר אַ בלויע ווי די תּפילת־שמע פון פאַראורטיילטע טרובאַדורן,
פאַרשאָלטענע דורכן פאַרסמטן ווייַן פון וואַנדערן. זופּ נאָך זופּ פאַמעלעך, צייל אָפּ
די קרעטשמעס פון דייַן לעבן, אַלט האַרץ, די ביטערע ביר־בעכערס.
כ׳הער שוין, בלייבער מלאך, ווי פון דעמאָלט, ציטערנדיק פאַר פראָסט,
כ׳הער, אומעטיקע ליידי פון די לידער.

מאַרגאַרעט:

אַרײַן ביסטו אין מײַן לעבן ווי אַט דער דונער
וואָס נאָך אים בלײַבט צעשפּאָלטן די שויב, אויף אייביק. אמת.
אַרויסגעשטאַמלט האָסטו אַ ווערטערבוך פֿון דײַנע פּחדים, אַ ציטער־שפּראַך
פֿון וועגן אַ ברודער אין סטאַלינגראַד, טאַטע־מאַמע, און שטיקנדיקן גאַז.
אַרײַן ביסטו אין מײַן לעבן ווי אַט דער דונער
וואָס נאָך אים בלײַבט צעשפּאָלטן די שויב, אויף אייביק. אמת.
און איך האָב געמיינט אַז אַראָפּ ביסטו פֿון זינען,
אָבער אַרויס ביסטו נאָר פֿון אייראָפּע, וואָס איז די זעלביקע זאַך.

איציק:

— פּלוצעם האָב איך געזען אויגן פֿרײַ פֿון מורא,
אָבער מיט עפּעס אַנדערש, אומעט, אַזאַ מין עלנט
בלוט, אַ געהיימער קאָד צו אַן אָפּענעם מלכות
וואָס פֿון לאַנג, ס׳קאָן דאָך זײַן, שוין פֿאַרגעסן, אָבער פֿון האַרץ ניט געאַנטן,
פּלוצעם האָב איך געזען אויגן פֿרײַ פֿון מורא,
אָבער מיט עפּעס אַנדערש, אומעט, ליבנדיק
בלוט. און איך אַ בן־אָדם וואָס גלייבט אין נסים, פּונקט,
פֿאַר מיר ביסטו געפֿאַלן ווי אַ צײַטיקער נס, ווי אַ קאָמעט, מאַדאַם.

מאַרגאַרעט:

איך געדענק דיך, נאַכט נאָך נאַכט, אָפּנאַרנדיק אין פֿאַרראַט מיך —
מיט דער פֿלאַש, און איך בין מקנא געווען, יאָ, מקנא.
און איך האָב געשוואָרן, אַז מער וועל איך דיך ניט זען, אַז ס׳איז געשטאָרבן אין מיר,
אָבער גלײַך ווי די ייִדלעך דײַנע, איז אָט דאָס פֿאַרשטאָרבענע געוואָרן
גאָר לעבעדיק, ווידער אַ פֿעניקס.
איך געדענק דיך, נאַכט נאָך נאַכט, אָפּנאַרנדיק מיך —
מיט דער פֿלאַש, און איך בין מקנא געווען, יאָ, מקנא,
אָבער תּמיד ביסטו צוריק, אַ וואַקלענדיקער, שטאָמפּענדיק זיך אין מיר,
ביז צו די טירן פֿון חרטה, וואָס פֿלעגן פֿאַרבלײַבן אָפֿן.

איציק:

— בעלי־תּשובה, מײַן שײנינקע, אין גן־עדן, שטײען אין דער לאָזשע,
אָבער איך בין געװען אַ גאָר־זינדיקער (צו פּיל
רומענישער שנאַפּס און סקאָטישער װיסקי) גאָר ניט װי דו
װאָס דו האָסט שוין אַ רעזערװירטן צדיקים־קלאַס
אין ערגעץ דער אויבן־אָן פּאַרטערײַ; נאָר... אויב װעסט הערן אַ מאָל —
אין אײנער אַ בײַסיקער גליקס־רגע,
פון װײַט פון דער װײַטנס, רײַטנדיק צו אויף די זאָטלען פון נאַכטפערד —
אַ היימיש באַקאַנטן טאָן,
אַזאַ װײנענדיקע קאָרדע,
אַזאַ לונאַטישע קװינטע,
אַזאַ טרעמאָלאָ, זיס זיסלער װי אַ זינד, פונעם תּהום פון פינצטערניש,
טאָ װײס, אַז דאָס בין איך, אין גיהנום, דיר קעגן איבער, װאָס ציקלט פאַר דיר
אויפן ציגײַנער־פידל פון בענקעניש, מאַדאַם.
בעלי־תּשובה, מײַן שײנינקע, אין גן־עדן, שטײען אין דער לאָזשע,
אָבער איך בין געװען אַ גאָר זינדיקער (צו פּיל...)

מאַרגאַרעט:

דו איבערטרײַבסט דאָס. פּאָעטן זענען גוזמות אויף צװי פּיסלער
כאָטש זײ װאַקלען זיך אַ מאָל, אַ פאַקט!
ביסט לויטער געװען, גראָד װי די טרערן אין װײַן
און װי דאָס עצבות אין געלעכטער, און איך בין אַן עדות
אַז אַ קינד ביסטו געװען, אַ גרויס קינד, מיט לידער, אָן אַ היים
אָן פּאַרמעגן און בייזס. ערנסט לײַכטזיניק.
דו איבערטרײַבסט דאָס. פּאָעטן זענען גוזמות אויף צװי פּיסלער
כאָטש זײ װאַקלען זיך אַ מאָל; אַ פאַקט.

איציק:

— איך איבערטרײַב ניט, מײַן בײאַטריטשע. אויב אומעטיק װעל איך זײַן,
ס'איז בלויז װײַל דו װעסט אונדז פאַרפעלן, דער גאַנצער באַנדע,
אָבער חוץ דעם... דאָרטן װעט זײַן פרײלעך: אויפן באַס, אויפן פּיקאָלאָ
װעלן שפּילן ר' אָרפײוס דער גריך, ר' פראַנסואַ װיִאָן דער פראַנק, און מיט זײ אַלעמען

בערל בראָדער, וועלוול זבאַרזשער און אַברהמלע גאָלפּאַדן, יעדערער אַ געליבטער פון מיר
יעדערער — אַ חלום צעהונגערט, יעדער — אַ ניגון און ווייטיק,
יעדער איינער — האַרבסטיקער וויַין.
איך איבערטרײַב ניט, מײַן בײַאַטריטשע. אויב אומעטיק וועל איך זײַן,
איז בלויז ווײַל דו וועסט אונדז אויספּעלן, דער גאַנצער באַנדע.

מאַרגאַרעט:

דו פעלסט מיר, טרויעריקער קונדס, פעלסט מיר געפּערלער
כאָטש דו ביסט — אויף עפּעס אַן אופן — תּמיד פאַראַן.
איך געדענק דיך, קאָמישער, פאַרדרייענדיק אומזיסט
דײַן צעבראָכן ענגליש (איסט-ענד, ווײַט-טשעפּל...), פאַרשפּרייטנדיק בײַ מיר אין האַנט
די פאַרוווּנדיקטע פליגלען פון דײַן פיקאָק, דער גאָלדענער פּאַווע,
מיט פינגער צעפּרעסן פון ניקאָטין,
שוויַיגנדיק, דו, לעבן מיר.
דו פעלסט מיר, טרויעריקער קונדס, פעלסט מיר געפּערלער
כאָטש דו ביסט — אויף עפּעס אַן אופן — תּמיד פאַראַן.

איציק:

— איך הער דיך ניט, מאַרגאַרעט. כ׳הער ניט
דײַן קול אינעם ווינט. איך פּאַק אײַן די חלומות.
באַלד פאָרן מיר אַוועק. די שוואַרצע פערד טופּען שוין. דער בעל-עגלה
פאַרטרערט. נאָר אַכט און זעכציק יאָר... ס׳איז גענוג שוין. וואָס נאָך?
יאָ, יעדן מאָרגן שטויב אָפּ מײַן הײַנע, מײַן פּאָ, די אָדיסייע
אויף די פּאָליצעס דײַנע, מײַן אַלטע עליס אין וווּנדער-לאַנד.
איך הער דיך ניט, מאַרגאַרעט. כ׳הער ניט
דײַן קול אינעם ווינט.
„שלום״, מײַן מלאך,
ס׳איז ניט
„אויף ווידערזען״.

ביידע:

...איצטער לאָנדאָן. סוויס־קאָטעדזש. אַ רעגן
שאַמפּונירט די בולוואַרן אין נעפּל.
בײַ דיר אין ביכערקראָם הערשט אַ שטילע — איינגעהערטקייט, אַן איינגעהערטקייט
אַזאַ געשפּאַנטע, געדיכט ווי די זשומבינענס האָניק... אַ פּראַכט,
איצטער דאָס געראָך פון פּרדסים־וועלדלעך. די סאַנאַטאָריע
פון גדרה. מע קומט שוין אַוועקפּעקלען דיך
אָבער מע זאָגט דיר ניט. ניין, איבערטרײַב דאָס ניט, ס׳איז ניט קיין פּורגאַטאָריע,
ניט קיין דאַנטע. בלויז אַ שנײַדערוק.
בלויז איציק.
סוף.

## אויגוסט, אין מילאַן, מיט צוויי יאָר צוריק

אויגוסט, אין מילאַן, מיט צוויי יאָר צוריק
אין דער קילקייט פון פינף אַזייגער,
צווישן די שטילקייטן פון מאַרמאָר
(שטילקייטן פון מילאַן, מאַרמאָר פון קאַראַראַ) און גענויער:
טשימיטעריאָ מאָנומענטאַלע. הימלען פון בלוט אין גאַזע
און די שקיעה
אויף בראָנדזענע ברוסטן פון די מאַדאָנעס. טויט,
אָפּערע־טויט, יסורים
פײַן סטיליזירטע, ווערדי, פּוטשיני,
לײאָנקאַוואַלאָ, און פּאָטאָגראַפיעס פאַרבלאַסטע, ווי אויגן נאָך ווײנען, ברוין־ווײַסע,
פון קאַרביניערן באַוואָנצטע
אַלאַ גאַריבאַלדי.

אָבער דאָ, אין נחלת־יצחק *, אין די רעגן־טרערן. —
אין דער פאַרשמאַכטער לוויה פון די ציפּרעסן
וואָס קרעכצן אין ווינט
און ברענען אין דער פאַרצווייפלטער הייך, פאַר קיינעם ניט,
ווי גרינע, לאַנגע ליכט פון יאָרצײַט.
אין שטיין, וואָס צעשפּאַלט זיך ווי ליפּן, און אין מאָך
וואָס גריזשעט פאַרדעכטיק. דאָ, דאָ, מיטן שטרענגן
עברית פון נדרים, חרמות און לאַוון,
אין אַשורישע אותיות פון
יתגדל ויתקדש.
אונטער די ווינטער־הימלען ווי אײַטערס פאַרשוואָלענע
פון דריקעניש, פון טריקעניש. פיר הונדערט מעטער
ביז צו דער אויטאָבוסן־סטאַציע און ווער ווייס וויפל נאָך
צו דער לעצטער סטאַציע,
ווי אַ קליינע חיה, ווי אַ הונט:
מ—אַ—מ—ע

* געמיינט דעם אָרטיקן בית־עולם, אין נחלת־יצחק.

# קדיש

פאַרן זיידן ירחמיאל

1.

גערדענק אים דורך די פּלויטיקע קראַטעס :
שטאָטישער שפּיטאָל־הויף. באַלפור־גאַס. פּרימאָרגן.
פּאַרלאָזטע באַנק. שבת, וויזיט־שעה.
אַנעמיש־פּאַרשעמטער ווּקס
פון אַספּאַראַגוס.
טריבער ריח פון ליזאָל. קאָרידאָרן. שפּײַקעסטלער. שאָרכערײַען
און ווּ איז ד״ר ברעגמאַן, ד״ר ברעגמאַן ?

אויסגעמאָגערט.
אַן אויסגעלאָשענער.
אין קרענק פון געלזוכט.
אַרומגענומען מיט גרויס רחמים, ווי אַ געהיטענער אָפּשפּאָר,
אין אַ בלוילעכן כאַלאַט, מיט אַ מאָנאָגראַם :
(אַ קינד פון דער שנײַיִקער פּינסק. פון אַכצנטן יאָרהונדערט און ווער ווייס וויפיל)
אין אינערן־אָפּטייל.

.2

תּמיד ברוינע זײַנע נעגל,
ניט פֿון רײכערן, פֿון פֿילמען.
פּאָטאָ־שטאָפּן. געררוך פֿון אַמאָניאַק.
פֿאַרטרויערטע אויגן פֿון אַ טונקל־קאַמער.

תּמיד שול־קלאַס־פֿאָטאָגראַפֿיעס.
תּמיד פּאַספּאָרטן.

.3

אַ בערדיק שטעכל-געוויקס
וואָס האָט געשטאָכן מיט יעדערן קוש.
אַ „מחזור" צעקנייטשט און פאַרשווייסט,
אַ זויערער שווייס
אַזוי צו זאָגן: „וואָס קען מען מאַכן?"

דאָס אַלטע שולכל-באַראַקל אין שכונת ברענער.
די זאַמדיקע יעבץ-גאַס.
די מאָהאָליווער גאַס פון אַלטע זאַכן.

איין מאָל ווען, אין אַ באַן פון האָמעל. קיין מאָסקווע. ממש.
„אַ סך טויבן דאָרט אויפן רויטן פּלאַץ" — —
און הייזעריק כריפּענדיק ווי אַ זמר פון אַ קאַטערינקע:
שינעלן.
דעניקין.
באָלשעוויקן.
תמיד פּאָגראָמען...

.4

יפו פון דיליזשאַנסן. טיי פון קרישטאָלענע טעצלער,
געקילטע מיט הויך פון אָטעם,
מיט זשווויריקע קאָסטקעס צוקער
צווישן די ציין.

ניט קיין מאָל אויסגעפוצט שטייַף
אויף צו רופן „סבא”,
און ניט „זיידע”.
דערמאָנען אים, און ניט אַשכּנזיש —
איז אַ חילול־הקודש.

# בלוט איז ניט וואַסער

פאַר די באָבע מוסיה

„די באָבע פלעגט לאַנג זיצן אויפן בעט, קעמענדיק אירע האָר, אַרויסרײַסנדיק, מיט ציין־קריצעניש, גאַנצע בינטן לאַנגע שוואַרץ־זײַדענע פעדעם. אויסגעגלעט אירע קרויזן און פּלאחר־יד, אײַלעדיק, האָט זי פאַרפלאָכטן גראָבע צעפּ...״

מאַקסים גאָרקי, „קינדהייט״

.1

אויסגעשניצטע האָלצבעטן, מיט ווײַניקן לאַק,
בלויז די האָלצבעטן אַליין —
אַ קונסטווערק:

אַ רוסישע ברייטקייט
די שנייִיקע פּערענעס מיט מאָנאָגראַמען באַהאָפטן.
טונדרעס פון צערטלעכקייט.
אַ קליינע ווײַסע סיביר.

אין דרויסן — וועט חוזקן אפשר פון נווה־צדק די געלע חמסין־היץ,
נאָר דאָ, אין פולן טראַכט פון דער טונקלעניש,
דאָ סקריפּעט דאָס קרישלדיק גלעזערנע אײַז פון זלינקאַ, גובערניע האָמעל,
מיטן געזיפץ
פון די אָנגעקראָכמאַלעטע לײַלעכער.

.2

שלאָף־פּילן.

ציין־פּראָטעזע אין גלאָז וואַסער

קאָמאָדע (ניט „שידה")

אַ „סידור" אַן אַלטער.

דורות צעלייגט דאָרט, פון קאָפּ ביז די פּיס,

אין אויפגעדראָלענעם פוך:

געבורט — ביאה — טויט.

בלוט איז ניט וואַסער, פלעגט זי זאָגן

בלוט איז ניט

וואַסער. פּעך אין איר. וועלדער. קעלערן. לעבלעך ברויט.

.3

נעבכ פון די שפּעט־דרײַסיקער יאָרן. װינטער־געיאָמער.
געקלאָגן פון לאָדנס אין װינט
אויף גאַס יצחק אלחנן
בײַ מחנה יוסף.

דער שװיס מיט שפּע פון אײניקלער,
מיט אײַ־לי־לולי.
קרילאָװס משלים.

.4

פרימאָרגנס אין דעמערונג.
שפּיגלען אָוואַלע.
זיך שטעל פאַרן שפּיגל
ווי צו אַ סודיקן טרעף. אַ ריטואַל.

האָרשפּילקעס אַרויסגעצויגן
ווי פאַרבאָטן,
ווי דאַמבעס פון וואַסערפאַל.
ברוינע געפלייצן צעפאַלן אויף ברעג פון איר אַקסל:
האָר,
האָר...

.5

גערוך פון האָניק.

צעלאָזטקייט פון וואַלדיק־צעהוליעטער שפּע.

פאָרכטיק ווי די באַפאָנטע,

פּאַגאַניש.

.6

ווערטער־געשעפטש פון עלעקטרע־שטאָפּעטן, מאַגנעטן־געפינקל,

צווישן די האָר

און דער קאַם.

חלילה אַ וואָרט. ל י ל י ת און ס מ א ל.

עבודה זרה.

בלויז דער קרעכץ

ווי אַ האַרץ־ברוך

פון זייגערס וואָגע

(דאָרטן, פון נעבן־צימער, ביי סאַמאָוואַר־קוילן,

זילבערנע לעפל, קידוש־וויין

און ליכטלעך מיט טרערן פון חלב)

אָט ווי אין לעגענדעס —

אַ האָנישער קריי אויף בית־עולמס:

אויס מיט אַלע אירע שדים,

פאַרשווונדן,

אייניאַנדער

פאַרשטומטע

צו די שפּייַכלערס פון זומער־אויבסן,

צו ווייַסרוסישע מאָך און מאַלינע.

בשעת אין איר טראַמפּלען די טלאָען

פון די טשינגגיזכאַנען — — —

.7

נאָר דעמאָלט, פּלוצעם —
ווי אין דערוואַכן,
אויפגעטרייסלט
(ווי אין זינד פון גנבה געכאַפּט)
פאַרבינדט זי שטום־פּאָלגיק מיט זיפצן
די שושקענדיקע וואַסערפּאַלן פון איר געהאָר,
וואָס דופטן גאָר גוייִש,

אין די צוויי שבת־חלה־צעפּ פון יִראת־שמים — — —

בלוט איז ניט וואַסער, פּלעגט זי זאָגן
בלוט איז ניט
וואַסער.



# מײַן טאָכטער טרינקט די נאַכט

# איך קוק אין קאַלענדאַר

איך קוק אין קאַלענדאַר ביַי האַלבער נאַכט:
דאַטעס, ווי בלאַנקאַ־טשעקן פון ציַיט
וואָס נאָך ניט פאַראַן.
ניט באַניצטע, אָנגעברייטע
פאַרמעגלעכקייטן.
איינע פון זיי איז שוין פאַרמישפּט צו זיַין תּמיד
דער געבוירן־טאָג פון מיַין קינד
וואָס איז נאָך ניט געבוירן.

וואָסער דאַטע?
איך ווייס ניט. וואָס
וועט ער נעמען ביַי מיר, אויב נאָך ניט גענומען, געצוווּנגען
פון מיר און פון זיך

פאַר זיַין לעבן, מיַין לעבן, וואָס זענען
דער מוז פון אונדזער ביידנס לעבן:
דער אומעט אין מיר? די פאַרשטשעמעטע קינען מיַינע? די שעהען
פון דערשטיקטער דעמערונג, פאַרבלויטע
פון בענקשאַפט?

איך קוק אין קאַלענדאַר. ווי פרעמד
איַינצוזען, אַז דאָס נפש וואָס איז דיר צום נאָענטסטן
איז
וואָס דו קענסט נאָך
ניט.

## אָפּצייל

אירע קליינע הענטלעך אויפֿן פּנים
אין ווינט, אין האַרבסט, אין דער פֿינצטער —
ווי אַ פֿויקנדיקער רעגן, ראָזעווע און וואַרעם. ווי אַן אויפֿשפּיל
פֿון עפּעס פֿאַרהוילנס, צאַרטס, און אַפֿילו גליקלעכס
אויף די פּיאַן־קלאַווירן פֿון שטערן. ווי אַ פֿאַרשוויגענע
טרייסט, מיט דרייַסיק יאָר צוריק:
שטאָטישער סקווער. אַ פֿוקסענער פֿוטער. פֿאַרפֿומען־גערוך.
אַן אידענט־סמאָטער פֿון פֿאַרדעכטיקטע. דער מוז
תּמיד אַהין זיך אומקערן. פֿאַרברעכערס
קערן זיך תּמיד צוריק. שטיינער פֿון סקילה צי פֿון חושן:
דייַנע קליינע הענטלעך אויפֿן פּנים
אין ווינט, אין האַרבסט, אין דער פֿינצטער.

# איך הער מײַן טאָכטער אָטעמען

איך הער מײַן טאָכטער אָטעמען:
אַ קלײנע מושלע
וואָס טראַנסמיטירט ווידער
פּאַרפּאַלענע אַטלאַנטידעס, פּאַרטוויכטע אין מיר.

דאָ מײַן דערטרונקענע קינדהייט,
מאָך.
דאָ די פּערל אויף מײַן מאַמעס האַלדז.
דאָס קאַלטע געוויין
אין דער שטענדיקער פּײַן —
די בלעזלעך.
דער סוף.

איך הער מײַן טאָכטער אָטעמען:

פּלוצעם,
נאָך אַזוי פיל דערטרענקעניש
ווערט דאָך
צו דיר אויסגעשטרעקט
אַ ברעג.

## מײַן טאָכטער טרינקט די נאַכט

מײַן טאָכטער טרינקט די נאַכט מיט קלײנע
כאַפּעדיקע
זופּן
גלײַך װי פֿון אַ זױגפֿלאַשס גומי־אָפּל:
אַ קלײנע פּױסט,
אַ קנאָספּ.
בלױע קושן פֿון שטילקײט.
חלומדיק קנאַקט זי
שטערן־ניס.

ביז די מאָרגן־װינדלען װעלן אױף מיזרח פֿאַרבלאַסן
װעט זי אױסטרינקען
דעם גאַנצן מילכװעג.

## יוסף, יוסף

יוסף, יוסף,
ווײַל ביסט געווען אַ בעל־חלומות,
ווײַל צו דיר די קינאה פון די ברידער ביז צום גרוב
און ביז מצרים
און ווײַטער נאָך
אין זײַדן העמדל פון די צו־זיך־געפּאַנגענע,
די וואַנזיניקע
פון בענקעניש פּאַרסמטע,
דער ממזר־זון פון נעבט
מיט צרעת פון שטערן
לונאַטיש קרענקלער,
און אפשר גאָר, ניט קיין בייזע חיה האָט פּאַרצוקט
נאָר גאָר פּאַרצוקט האָבן חלומות.

מײַן ליבשאַפט צו דיר, יוסף,
כ׳האָב דיך ליב ביז גאָר

ווײַל דו האָסט געהאַט
אַ הונגער אין די אויגן
און גאַרבן אויפן פעלד
און פייגעלער אין קאָפּ.

# אין בית־ג׳אַלה, דער ווינט

אין בית־ג׳אַלה, דער ווינט
אין די גראָז־צינגלער.
בלוי, אַ בלויקייט פּלייצט אויף די פּענדזלען פון ביימער־שפּיצן.
און אויפן וואַסער ווו זי האָט געקניט
און געשעפּט. בריסטן
אַזעלכענע זענען דער רויִקער צוזאָג פון אַן אַנדער צײַט.
דער פּלייץ פון נאָכגיביקע וועלבן. אויף אירע וועלבן.
די שטילקייט געטעסעט דורך דלאָטן פון געדולד.

דער ריח פון טיי־מאָך
איז דער ריח פון בענקעניש:
גאָלדענע הירזש. געטרוקנטע פײַגן. אָפּלען אַ סך.

# האַרבסט אין די ירושלים־בערג

1.
האַרבסט
אין די ירושלים־בערג:
געטונקלטער האָניק
טריפט ווונדיק פון סאָסנעס, אויסגעצירטע אין אַבו־גאָש
הינטערן שלייער פון ווינט
מיט נאָז־רינגען
טוי.

.2

גליטש זיך אַראָפּ
אויפֿן פֿעלדזיקן שיפּוע
אַהינצו קיין הרטוּב.
טרײַב וואָלקנס און יאָג ווינט
אין די טאָלן —
ווען רעגנס טריט קײַקלט שוין
דער רײַטוואָגן פֿון וויכער.

די פֿאַכוועס פֿון היילן
מיט פֿעדערגראָז פֿול
דיך דערוואַרטן אין שאָטן, שטומע עדות זײַ
אַז באַלד וועלן ברומען
די בערן פֿון דונער,
זיך צו פֿאַרטײַען פֿאַר זייער צאָרן
אין די געשלונדן.

.3

בײַז דעמאָלט,

הער צו

ווי אין דער ווײַכער פֿון וואַרטן־אויפֿגערירטער לופֿט,

קעגן מאָנאַסטיר פֿון די שוויַיגערס בײַם שײדוועג פֿון לאַטרון,

אויף די קאַלט־מעטאַלענע שפּינענגעוועבן

ווי אויף סטרונעס

סטראָיען די ווײַנשטאָקן פֿון באָרדאָ־ווײַן

די לירע פֿון ווינט.

# פיר לידער פון צפון

.1

אַ קלאָרער פרימאָרגן. קרישטאָל.
די קרעכצנדיקע בריק איבערן חצבאַני־טײַך
איז ניט מער ווי אַ קאַם פאַרשטעקט
אין די שוים־גרײַזלעך
פון שטראָמס לאָקן.

.2

גיי נאָך די ווערבעס
וואָס וואַשן אין וואַסער
מיט קילן גרין־גרין
דעם אָפּגלאַנץ
פון זיך אַליין.

הער די פייגל
אין גראָז. ווי יונג
איז די אַלטקייט
פון דעם קלאָן־בוים.

.3

מײַן ליבע איז פֿון שנײ,

פֿון פּרימאָרגן,

פֿון דורכזיכטיקן פּראָסט.

וואָס צעציטערט אין ווײַעס פֿון גראָז

די קרישטאָלן פֿון טוי —

פֿאַרשטײַפֿט, הינטער איר וואָלענעם זשאַקעטל

די שפּיצלעך פֿון אירע בריסטן.

.4

אין קלעת־נמרוד * ריטשן די אָדלערס
און אויף תּל־חאַמרה איז שטיל.
אויס שיסערײַען.
דאָס מאָל, זעט אויס
איז באמת
פּרילינג.

* אַ קרײַצפאָרערישער שלאָס אין אײבער־גליל. די אַראַבער־פאַסטעכער פונעם געגנט גלייבן, אַז ער איז געבויט געוואָרן פון נמרודן, דעם מאַכטיקן יעגער פון תּנ״ך.

## פיר לידער פון מידבר־סטעפּ

.1

די לייבן פון ליכט.
די גריווע פון דער מיטאָג־שעה.
די רישעות פון פעלדז געטעסעט פון דלאָטיקן פּרעס.
די לאַנדשאַפט פון אַסקעטישן גראַניט.
דער תּענית —
אָן־רחמים.

.2

די איסײַשע שאָטן־ביימלער,

צעהובלט פון ווינט.

די ווונדן פון גראָבנס קריַידיק צרעת. אַבצעסן

פון קאַלך.

פאַראָבלטע שטיינער. חאַמאַדאַס * אויגן פאַרמאַכטע

מיט שערבלער.

* חאַמאַדאַ — אַזאַ מין ערד אין דעם נגב.

.3

מאַמוטן פון שווײַגן.
דינאָזאַורן פון שטומקייט.
אַ פעסטונג פאַרשטעלט —
אַ פאַרשלאָסענע כוואַליע.

זאָג ניט קיין וואָרט צו די פעלדזנוווענט:
עפּעס אין זיי דערמאָנט אין דײַן
שולד, וואָס באַשווערט דײַנע אַקסלען — — —

.4

דער וואַרעמער בויך פון אַ הינדין.
פרוויִש און ברוין העט ביז צום זומער־סטעפּ.
ביזן געלוסט פון די אייביקע בערג.
די ענגשאַפט
פון די אומענדן.

# אַ ליכט אויף דער תּימסח־אָזערע

אַ ליכט אויף דער תּימסח־אָזערע, אויף די יריעות
פון פּאַפּירוס, געמאָלט מיט אַן אתרוג־קאָליר, אָוונטיק־קילע
מיט שוואַכן גאָלד באַזאַלבטע
פון פּאַלמען־
פּענדזלען.

אַ ליכט אויף די ראָבן, שוואַרץ ווי נבואות
אויף שיידוועג פון ג׳ידי,
ביַים זעלבסטמאָרד פון טעלעגראַף־דראָטנס
צעשניטן געאָדער.
שוידער־געציטער פון צעמורשטן בעטאָן,
אַן אויפטרייסלונג
פון מעטאַל.

אַ ליכט אויף די צימערינג־וועגן,
די מעליקע פלאַכן.
דעם פּאַרך אויף טשופּרינע פון פאַרשוואַרצטן רותם־קוסט
אינעם זאַמדס צרעת.

אַ ליכט אויף די לאָקן פון שטעכיקע דראָטן
וואָס פאַרסטריגעווען דעם קייזערשניט
פון די אויסגראָבונגען
אין די מיליטערישע פּאָזיציע „פּאָרטער״.

שוין זעקס יאָר, זאָגט מען מיר, אַז די אָרעמס
פון שטאָל די אָפּגעהאַקטע
פון דעם פירדאַן־בריק
קאָנען מער ניט פאַרבינדן דעם ריס.
און מיר ?

## לענדער פון דאָרשט

.1

תּמוזדיקע זון,
מעליק, פאַרמעליקט די באַרגיקע טישן:
די סעודות פון ליכט.
די פאַרוויַילונגען פון נאַקעטן קריַיד, די געזויפן פון זומער.

אַ זיבן־שלייערן־טאַנץ
פונעם שטויב.

אויפן וועג פון עבדה,* קיין עין־מור צו,
אין געשריי פון דער בלענדיקער וויַיסקייט —
די ליפּן פון חמסין.

אַ פרימאָרגן געבוירן
פאַרעלטערט ווי די מיטאָגציַיט, אָן
איבערגאַנג פון יונגקייט.

* חורבות פון אַ קדמוניש נאַבאַטיש שטאָט אין נגב.

.2

נאַבאַטישע בערגלער.
שפּליטערס פון חאַמאַדאַ פּאַרכיק טרוקן.
לענדער פון דאָרשט.

שטילקייט איבער שטילקייט אָנגעהויפּט;
אַ שווערלאַסט אויף שטיין.

שווער צו שילדערן
דעם שטילקייטס געשריי — — —



וויין, קינד. דו מעגסט...

## ס׳איז שווידערלעך צו זען

ס׳איז שווידערלעך צו זען אַלטע פֿאָטאָגראַפֿיעס
און דערקענען די קאַרטלעך
ניט פֿון 9×14 נאָר:
דעם קעמפֿער־פּילאָט, וואָס וועט ווערן אַראָפּגעשאָסן
איבערן בלוי פֿון דער ביטער־אָזערע, צוואַנציק יאָר שפּעטער,
ער איז נאָך אַרומגענומען מיטן אַספּאַראַגוס
פֿון ביכּורים־קווישלער
אויף אונדזערע אַקסלען
און ניט אין די פֿלאַמען.

די באָרוועסע אלמנהלעך
אַלט פֿינף, פֿינף און אַ האַלב,
זיך שפּילן נאָך אין „צייכן״, מיט פֿינף שטיינדלעך פֿון מאַרמאָר,
דאָס קענען זיי,
נאָר ניט מיט דעם איינעם מאַרמאָר שטיין,
וואָס זיי קענען ניט
פֿאַרטראָגן.

און דער קליינער יצחק,
דײַן איינציקער ליבער,
נאָך ברוינט זיך אין זונליכט פֿון חומש
און וואַרט אויפֿן באַראַן דעם טרענירטן
און ניט
אויפֿן אָנפֿלי פֿון קומענדיקן שראַפּנעל.

## בײַם טויער פֿון רחמים

דאָס רחמים, וואָס צלמים טראָגן פֿלומרשט
מיטן נאָמען פֿון פּײַן, פֿון געשענד און געלעסטער.
די אינקוויזיציעס, די מערדערשע צײַנרעדער.
דער פֿאַרלענד־גרוב
מיט צינדער
און מיט פֿאַרברענטן.

די מעסעס פֿון חסד, די עלילות־דם מיט באַגלייטונג
פֿון ניגון „פֿאַטער־נאָסטער", צעקלונגען אויף פֿליגל
פֿון באָטיטשעלי־און־דזשיאָטאָ־מלאכים, דער תּפֿילה־געשעפּטש
צווישן פּרעכטיקע, פּײַנע פּאָגראָמען.

און די שׂרפֿות פֿון אויטאָ־דאַ־פֿע, בײַם קלאַנג פֿון קאַנאָנען־מעלאָדיעס:
פּאַסיאָן מאַטעיוס, סאַמעטענע רעקוויעם־געזאַנגען
אין סי־בעמאָל פֿון „ציקלאָן B", צערטלעכער גלעטיק
דער בליק פֿון „פּיִעטאָ" פֿרום
עוואַנגעליש —

בײַם פֿאַרוואַשן, מיט בלויע אויגן אָפּגעווענדטע,
דעם אוישוויץ פֿון הייסער סאַזשע
מיט בערגער
זייף.

## און וואָס טו איך דאָ?

...און וואָס טו איך דאָ? און דו... וואָס טוסטו?
צי בין איך אַ פּראַקטעזעדיקער „בּנעני" * פון די אָן־אַ־וואָרצל?
טאָ פאַר וואָס זשע אונדזער שירה פון שפּאַניע
און ניט פון עשתּורת **
אין מיר קוועלט ווי פון אַן אַרטעזישן ברונעם, ביי מיין אַראָפּשפּאַן
אויף גאַס פון בית־אל, אויף גאַס מבוא־חיי־עולם;

אַלע פראַנקיסטן, אַלע שבתאיסטן אין איינעם,
אַלע פידלען פון שטעטל וואָס וויינען
אין ערגעץ אַ טונקלען בוידעם אין מיר, פאַרשעמט
אין אַנטפּלעקונג פון אָט די זיבעציקער יאָרן
אין זייער נאַקעטקייט ביים ווילד־דאָרניקן ליכט:

לעזאזל,
פון דעם בין איך!
דאָס אַלץ איז מיינס!
ס'איז דער זון אין מיין זרע פאַרדרעמלט, ס'איז פּינסק אין שניי,
ס'איז דער גאָון פון ווילנע צווישן די גריבער פון פּאָנאַר,
ס'איז דער בעש"ט אין די גאַזדושן פון דאַכאַו,
און ס'איז גיורא, עופר, סטעמפּאַלע *** אין אַרויפשפּרונג
אויפן אַמוניציע־בערגל **** און אויף הר־ציון.

* געמיינט די ישׂראלדיקע „בּנענים", די פאַרפרעמדטע צו קאָנטינויִטעט פון ייִדישקייט דורך אַלע צייטן.

** די געטין פון אַלטן כּנען.

*** גיורא אַשכּנזי פון קיבוץ תּל־עמל, עופר פעניגער פון קיבוץ גבעת־חיים (איחוד) און משה סטעמפּעל (פּלס) — פון דער פאַראַשוטיסטן־בריגאַדע, וואָס האָט געקעמפט פאַר באַפרייען די אַלט־שטאָט אין ירושלים בעת דער זעקס־טאָגיקער מלחמה.

**** די „גבעת התחמושת", ווו ס'איז פאָרגעקומען בלוטיקע קאַמפן צווישן דער דער־מאָנטער פאַראַשוטיסטן־בריגאַדע און דעם אַראַבישן לעגיאָן פון דער אַלט־שטאָט. הייַנט צו טאָג איז דאָס אָרט באַפלאַנצט — אַ גן־זכּרון.

און ס'איז דער גלח און דער רב פון היינריך הײַנע
און דער „חבר" און דער כּוזרים־מלך פון רב יהודה הלוי
אין אייביקער קאַראַטײַ־שלאַכט: צלמים און מעטשעטן,
קרום ווי דער תּלמודישער גראָבער פינגער בײַם זאָג:
„היינו הך", צי „מאי קאָ משמע לן", און הייזעריקע דערווישן
זאַמלען אין שער האשפּות
די פּסוקים ווי אַ געריבטן פאַרמעג.

# מיר זענען דאָ

מיר זענען דאָ — ניט צו קלימפּערן מיט טרויער־טאַצן
אין אַלע הקדש־הויפן פון דער וועלט,
בעטלענדיק די קאַרגע גאָב פון זייערס אַ לעפל געקעכטס
מיט רחמנות פון בלוטיקן רויט־רויט... מיר זענען אַ המשך

אין זייער חשבון צעבילבולט. דער וואָס האָט זיי פאַרטראָגן
האָט זייערע קרענק און ווייטיק אויך געמוזט טראָגן.
זינגט יותם און עוזיהו — ניט עפנט מען מער
דעם שער פון רחמים.
תּם ונשלם.

אָבער מיר זענען דאָ — ניט צו זײַן זייער
פאַרוואָלפּיקטע שאָף. אַן איוב פון לײַדן דול,
וואָס וואָפן זײַן זאַקרויב. אַ פאַרזעעניש הבל
וואָס געוואָרן אַ קין; דוד וואָס געוואָרן אַ גלית.

קיין יִדן־גזלנים, קיין בלוט און קיין פײַער,
קיין דיר־יאַסין און קיביע מיט צאָרן.
ניט די דעראָבערער פון כּנען מיט שטורעם זענען מיר,
נאָר די באַצווינגער פון אייגענעם יצר
אָן אַ זעלנעריש־טרעטיקן שטיוול.

און ניט קיין באַגנעטן און שפּיז־ריטואַל,
ניט העלמען צעבלענדיקט, נאָר פון אור כּשדים* דאָס ליכט דאָס צעשײַנטע.
ניט דער טרוים פון סאַלאַח־אַ־דין — אַ שפּאַרבער אין ווינט.
ניט פון קרייצצוגלער דאָס מלכות ירושלים.

* פון אברהם אָבינוס צײַטן.

ניט ביז די טײַכן פּרת, חידקל, ניט ביז והב.
ניט דער גלעד מיט אײַזן צעקאַרבט,
אויך ניט די עי־שטאָט.
ניט דערפֿאַר מײַנע און דײַנע חברים געפֿאַלן
דאָרט צווישן דער פּאָליצײ־שול און דעם הר־הבית.

זײ, די פּאַרטיפּטע אין אונדזער לעבן
מיט שמייכלען, מיט בריוולעך פֿון ליבע,
אין זייערע טאָגביכער די געהיימע — אָטעמט ירושלים
פֿון ירמיהו און ירמי **
פֿון דעמאָלט
ביז איצטער.

** פֿון ירמיהו הנביא און פֿון ירמי באַרדאַנאָוו, דער פּאַראַשוטיסט פֿון דער באַרימטער פּאַראַשוטיסטן־בריגאַדע „101״, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסן פֿרײַוויליק צום נקמה־אַקט „קרב קלקיליה״ — „די שלאַכט אין קלקיליה״ אין די פֿופֿציקער יאָרן. ירמי האָט איבערגעלאָזט אין זײַן עזבון בריוו, טאָגביכער און איבערראַשנדיקע פּאַציפֿיסטישע לידער, וואָס זײַנע פֿרײַנד, די פּאַראַשוטיסטן פֿלעגן פֿאָרלייענען און דעקלאַמירן, בײַ שײַטער־פֿײַערן אין עמק המצלבה אין ירושלים, יעדן יאָרטאָג צו זײַן פֿאַלן אין דער „שלאַכט פֿון קלקיליה״. אַן אָנדענק־בוך לכּבוד אים איז דערשינען אין פֿאַרלאַג פֿון קיבוץ המאוחד, מיטן נאָמען „ירמי מן הצנחנים״ — ירמי פֿון די פּאַראַשוטיסטן.

## צו געדענקען זיי

צו געדענקען זיי, די גראָזן וואָס שפּאַרן פון זייערע ברוסטן
אויפן „הר (אָן) מנוחות" אַנטקעגן דעם שטייניקן גרויל,
דעם שרעקלעכן צער פון יתומישע אויגן
אויף די יאָרצייַטן צווישן גת־שמנים און דער מצבה
פון ראָקפעלער־מוזיי, צו געדענקען, מיט וואַרעמע פויסטן, אין זיי
אַ קינד בלייַבט ביז אייביק מיט אויגן פאַרטרערטע.

צו געדענקען זיי אין דער יום־כּיפּור־מלחמה, אָן כּיפּורים,
אָן באַלויזונג, אָן טרייסט, בלויז נאָך אַ הויז
מיטן קללה־צייכן פון מכּת־בכורות: זייערע פּנימער
אויפן ברעג פון „מוצב־המזח" — און אויף ברעגן פון דער נאַבט,
צי אין קאַשמאַר פון משוגענעם קוראַזש, מיט מסירת־נפש
און די פאַרפּאַסטנס פון חרמון, פאַרפרוירן אין שטעכלדראַט־קרענץ,
אויף זיך אַ דיסקל אידענט, באַצייכנט מיט אָרט פונעם בלוט
און מיטן פּערזענלעכן נומער
און אויך מיט אַ ביסעלע
ירושלים.

צו געדענקען די שטייניקע לייבן־געזיכטער אין טויער
פון סולטאַן, פון סולײמאַן, אויף דייַנע מויערן,
און די פּנימער פון יענע אַלע לייבן באַהאַרצטע, וואָס זענען אַדורך די פאַרשפּאַרונג
און זענען איצטער פאַרגליווערט, פאַרשפּאַרטע פון ערד און פון מאַרמאָר.
צו געדענקען אויך, וואָס זיי זענען ניט געווען — ניט גאַוואַהדיק און געמיין
מיט שווערדן־געבלאַנק פון דעראָבערער און דולע נביאים
און פון שפּעקולאַנטן אויף דער באַרגערד די פאַרכאַפּטע, ווי זיי זענען געפאַלן
זיי, וואָס האָבן געהאַסט יעדע שׂינאה און זיאָס שטערקן פון שווערדן.
צו געדענקען די אַלע אייַליקע לויפער צום זאַקרויב, בעת
טרערן פון אלמנה און יתום
נאָך טריפן.

און צו פֿאַרשטיין ניט, ביזן סוף, די גימטריות פֿון טרויער דײַנעם,
דײַן ציילן די טעג צו גאולה אָן אויפֿהער, די וווּנדן
פֿון דעמער אויפֿן קלויסטער סיינט־אַן, דאָס אויפֿהילכיקע קול
פֿון הייזעריק־שטאַמליקן מועדזין, מיט אַ ניגון נאָגנדיק
ביז סאַמע געוויין, צווײַגיק פֿאַרפּלאָנטערט
אינעם געציטער פֿון תּיקון־חצות, מיטן געשפּראָץ
פֿון דרום־זײַט, פֿון די היימען פֿון „בתּי־מחסה",
אַ לבנה, וואָס קיין מחסה געפֿינט מען פֿון איר,
צו גלעטן מיט חסד „בית־חסדא"* ווי אַ האַנט אויפֿן שטערן.
און ניט צו באַנעמען דיך
און דיך קיין מאָל פֿאַרשטיין.

* „בתּי־מחסה" און „בית־חסדא" — קוואַרטאַלן אין אַלט־ירושלים.

## ווייַן, קינד, דו מעגסט

ווייַן, קינד, דו מעגסט...
בײַם „שער אריות״ ברילן איצט ניט קיין אַנדערע לייבן
אַחוץ דײַן חברה, די שיינע:
די וואָס זענען געלאָפן —
פאַלנדיק, אויפשטייענדיק, אָנגרײַפנדיק, אין קוילן־רעגן
פון די שאַרף־ציליקע שיסערס.

יאָ, פון דײַן פלוטאָן זענען אַליין נאָר פאַרבליבן,
ביז בלוטיקער רייטלונג פון שקיעה,
נאָר דרײַסיק פון אַבציק,
אָבער דײַן אָפּטייל איז ווידער אַוועק צו באַפרײַען מאַלינעס, פאַרנעמען
מיט צאָרן, מיט זיגערשער יובע.
און ניט פאַרצווייפלט.

און איצט בלײַב דאָ שטיין
בײַ אָט די פאַרבטיקע שטיינער. באַקלער זיך
געלאַסן פון וועגן דעם וואָס צו זאָגן,
אָדער שווײַגן. נאָך אַלעם,
איז דאָס דאָך דער כותל, מײַן הער, און ניט
די איילבערט־האָלץ־שניצן פונעם „בצלאל״
אָדער די קופּער־רעליעפן. ניט דווקא דאָס געווער
פּרעסט ברענענדיק אַצינד אויף דײַן ברוסט מיט פּאַסמעס פון קוילן. איכה
ישבה בדד העיר. איכה.
דאָס איז עס. בײַנאַנד מיט אַלע זכרונות...
ווען ס'וואָלט דיר אַזוי דײַן זיידע געזען, וואָס באַגראָבן
שוין נײַנצן יאָר אויפן הר־הזיתים, אַנטקעגן...
זאָג גאָרניט, אויב שווער דיר צו ריידן.
על כל פנים,
זעט אויס, אַז דאָס רופט מען שופר באַצאָלונג
און לוין.

דער כותל פון זיפצן. דער ריח פון פולווער, איז אַוודאי ניט
ווײַטער און ניט לאַוועגדע.
און דאָך, מײַן קינד, וואָס איז עס יאָ?
טראַדיציע? אפשר טראַדיציע...
איבערן אַקצאַ־און־אַמאַר־מעטשעט ברענט אַצינד
מיט פורפור און גאָלד דער הימל.
און וואָס עס שפּילט בײַ דיר אין בלאָזזאַק פון דײַן ברוסט
איז פונקט דאָס:
ירושלים...

די פּאַרכאַפּטע פון פײַער וועלן שוין קיין מאָל ניט האַלדזן
אַ מיידל,
ווען רויט ווערט די בענקשאַפט
קעגן מואב און ים־המלח דעם זילבערדיק־בלויען.
אויף אַגוסטאַ־וויקטאָריאַ און אויפן הר־הצופים
שוין טונקלט. וויין,
וויין דו, קינד פון באַקי, צו יאָר צוואַנציק, צוויי און צוואַנציק,
וויין ביז פון טרערן אָנגעטרונקען,
וויין, קינד...

# יוסי גמזו

## ביאָגראַפישע און ביבליאָגראַפישע פּרטים

געבוירן אין פּאַריז; זײַנע עלטערן — וותיקים פון תּל־אביב; זײַן דערציִונג — אין קיבוץ „השומר־הצעיר" מעברות; שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון תּל־אביב און טעקסאַס; דאָקטאָר פון העברעיִשער און ייִדישער ליטעראַטור (זײַנס אַ פאָרשערישע אַרבעט וועגן איציק מאַנגערס פּאָעטישע שאַפונג איז פּרעמירט געוואָרן דורכן Memorial Fundation For Jewish Culture און באַרעכטיקט ווי אַן אַקאַדעמישע פאָרשונגס־אַרבעט אין די פּאַראַיינוקטע שטאַטן, וואָס וועט דערשײַנען אויף העברעיִש, ייִדיש און ענגליש); אַלס שרײַבער־גאַסט אויך אַמטירט ווי אַ העכערער לעקטאָר אין דער רעגירונגס־אוניווערסיטעט פון שטאַט אָהאַיאָ, אויך רעפערירט אין דער רעגירונגס־אוניווערסיטעט פון שטאַט טעקסאַס און הײַנט צו טאָג פירט ער אָן מיט דער קאַטעדרע פאַר העברעיִשער שפּראַך און העברעיִשע נײַע ליטעראַטור אין דער אוניווער־סיטעט פון סידנעי, אויסטראַליע; זיך באַטייליקט אין דער ישׂראל־פּרעסע: „על המשמר", „דבר" און די לעצטע יאָרן אין „מעריב" אין די וועכנט־לעכע סאַטיריש־פּאָליטישע קאָלומס; פאַר זײַנע ליטעראַרישע שאַפונגען און זשורנאַליסטישע אַרבעטן פּרעמירט געוואָרן פון פּרס ראש הממשלה פאַר יונגע שרײַבער; פּרס יציב פאַר קינדער־ליטעראַטור; פּרס שב"י מאור פאַר רעפּאָרטאַזשן; פּרס שווימער פאַר זשורנאַל־סטיק; פּרס מרץ פאַר רעפּאָרטאַזשן; פּרס פון קיבוצים־סעמינאַר פאַר קינדער־ליטעראַטור; פּרס אַקו"ם פאַר פּאָעזיע; פּרס אַקו"ם פאַר בעלעטריסטיק.

### זײַנע ביכער

פּאָעזיע:

ארצות הצמאון (1971)

כליל החורש (1971)

פעמוני עין־כרם (1974)

**Jerusalem: Flutes of Longing**

(דו־לשוני, עברית־אנגלית, ארה"ב, 1974)

קאסטאנייטות בדם (1976)

עמוק בלילה, עמוק בירושלים

(תלת־לשוני, עברית־ייִדיש־אַנגלית, אוסטראליה, 1977)

פּראָזע:

בשש אחרי המלחמה (1968)

בלוריות ברוח (1969)

תלתלי עשן (1970)

אש על המים (1970)

קינדער־ביכער:

ילקוט הזאטוט (1965)

לא רוצים לישון — רוצים להשתגע !... (1968)

אֶן־דֶן־די־נו (1971)

סאַטירע:

אתם נוער, אתם ?! (1958)

כל הכבוד ! (1966)

זהירות — שביר !... (1966)

לייכטע לידער:

סימן שאתה צעיר ! (1972)

# אינהאַלט



## און אויב ניט דאָס, טאָ וואָס?



## בלוט איז ניט וואַסער

## מײַן טאָכטער טרינקט די נאַכט



## לענדער פון דאָרשט



## ווײַן, קינד, דו מעגסט

# פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"

אריה שמרי / וואָרצלען, אַנטאָלאָגיע פון ייִדיש־שאַפן אין ישׂראל
ישעיהו שפּיגל / פלאַמען פון דער ערד, ראָמאַן
רחל פישמאַן / דערגער נאָכן רעגן, לידער
מאַרגאַרעט לאַרקין / די זעקס טעג פון יד מרדכי, ייִדיש — ד. שטאָקפיש
רפאל מאַהלער / היסטאָריקער און וועגווײַזער, עסייען
רבקה באַסמאַן / בלעטער פון ווענט, לידער
ריקודה פּאָטאַש / אין געסלעך פון ירושלים, דערציילונגען
יעקב צבי שאַרגעל / זוניקע שוועלן, לידער
משה שולשטיין / איבער די דעכער פון פּאַריז, דערציילונגען
אריה שמרי / דאָס ייִנגל פון דיזשאָן, פּאָעמע, צייכענונגען יואב שועלי
רפאל מאַהלער / ספר סאַניק, היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס, זכרונות און גביות־עדות
משה גראָסמאַן / שטויב און אייביקייט, דערציילונגען און מיניאַטורן
אריה שמרי / געזאַנגען אין שײַער, לידער און פּאָעמעס
מנוחה ראָם / אָרום דער ווערבע, דערציילונגען
משה זאַלצמאַן / ... און מען האָט מיך רעהאַביליטירט
איבערלעבונגען פון אַ ייִדישן קאָמוניסט אין ראַטנפאַרבאַנד
אברהם שלאָנסקי / לידער, אָפּקלײַב פון א. שלאָנסקיס פּאָעטישער שאַפונג
ייִדיש — משה יונגמאַן
משה גראָס־צימערמאַן / דאָס וואָרט וואָס מיר שרײַבן, עסייען און פּראָפילן
רבקה באַסמאַן / ליכטיקע שטיינער, לידער
ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן / סטעזשקעס צווישן מויערן, לידער
מלכּה חפץ־טוזמאַן / בלעטער פאַלן ניט, לידער
ב. דעמבלין / טאָפּלבאַנד: אַ פרעמדע וועלט; אין נײַעם לאַנד, ראָמאַנען
ישעיהו שפּיגל / די קרוין, דערציילונגען
משה יונגמאַן / רעגן־בויגן צוקאָפּנס, לידער
דאָרע טייטלבוים / געזאַנג פון זינקזאַמד דור, לידער און פּאָעמעס
יעקב צבי שאַרגעל / טויערן אין די בערג, לידער
נח גריס / פון פינצטערניש צו ליכט, עסייען וועגן ישעיהו שפּיגל
אליעזר קופּערמאַן / פון וועלט צו וועלט, דערציילונגען
משה זלצמן / וזכיתי לריהאביליטציה, מייִדיש — גרשון לימור
מלכּה חפץ־טוזמאַן / אונטער דײַן צייכן, לידער
רחל אויערבאַך / וואַרשעווער צוואָות, וואַרשע 1933—1943
יעקב פרידמאַן / לידער און פּאָעמעס, דרײַ בענד
מיט אַ באַגלייטוואָרט פון פּראָפ. יודל מאַרק
מאיר חריץ / לידער צו אייגענע, לידער און פּאָעמעס
אריה שמרי / רינגען אין שטאָם, לידער און פּאָעמעס, צייכענונגען — ב ע ן
יעקב י. מײַטליס / אין גאַנג פון דורות, עסייען
יהודה לייב טעלער / דורך ייִדישן געמיט, לידער
מיט אַ באַגלייטוואָרט פון אריה שמרי

**י. ח. בילעצקי / בײַם קוואַל פון קאַצק, פּאָעמע**

**שלמה שטאַקפיש — אין ראָד פון צאָרן**

איבערלעבונגען אין דער צווייטער וועלט־מלחמה

**ישעיהו שפּיגל / שטערן לײַכטן אין תּהום, געזאַמלטע דערציילונגען — 1940־1944**

צוויי בענד. שער־בלאַט, פּאָרטרעט פון מחבר און צייכענונגען — פון בען

**חיים זעלצער / פון היימישן ברונעם, לידער און באַלאַדן. צייכענונגען פון מחבר**

**י. ח. בילעצקי / איציק מאַנגער, פּרקי מסה**

**אַברהם נאָווערשטערן / סוצקעווער־ביבליאָגראַפיע**

רשימה פון אָ. סוצקעווערס שאַפונגען אין ליד און אין פּראָזע

און פון אָפּהאַנדלונגען וועגן זײַן שאַפן

**לייב אָליצקי / פון דער היים און פון דער פרעמד, דערציילונגען**

**הירש אָשעראָוויטש / געזאַנג אין לאַבירינט, לידער און פּאָעמעס**

**רחל קאָרן / פאַרביטענע וואָר, לידער**

פּאָרטרעט און צייכענונגען — סילוויאַ אָרי

**משה יונגמאַן / אין לאַנד פון אליהו הנביא, לידער און פּאָעמעס**

**בער מאַרק / מגילת אוישוויץ, מיט דאָקומענטן געפונענע אין אוישוויץ**

**יעקב צבי שאַרגעל / פון אָנהייב אָן, עסייען**

**רחל אויערבאַך / בײַם לעצטן וועג, אין געטאָ וואַרשע און אויף דער אַרישער זײַט.**

וועגן רחל אויערבאַך — פּראָפ. דב סדן און ד"ר יוסף קערמיש

**דוד האָפשטיין / לידער און פּאָעמעס. צוויי בענד. צונויפגעשטעלט פון פייגע**

האָפשטיין. צייכענונגען פון מאַרק שאַגאַל. פּאָרטרעטן געצייכנט פון ס. שור,

הלל האָפשטיין און ה. אינגער

**מלכה חפיץ־טוזמאַן / הײַנט איז אייביק, לידער**

**אריה שמרי / אויף גרינעם פּאָרמעט, לידער און פּאָעמעס**

**ישעיהו שפּיגל / צוויי דערציילונגען — שני סיפּורים. תרגם: מרדכי אמיתי**

**ישעיהו שפּיגל / צווישן תּו און אלף, געקליבענע לידער**

**יוסי גמזו / לענדער פון דאָרשט, לידער**

עסיי און איבערזעצונג: פּראָפ. לאָרענס (לייב) גרעצקי.

צייכענונגען — דער מחבר.